# יזכור

דעם אנדיינקען פון

די

# זשיטאמירער קדושים

ארויסגעגעבען

פון דעם

זשיטאמירער פאראייניגטען רעליף קאמי:

ניו יארק ........................ 1921

די פאַדער־בלעטער און טאַנבע צייכנונגען זיינען געמאַכט פון מאַהלער ז. מאוד.

אַ טייל צייכנונגען אָבער האָט אונז געליהען דער „פועלי־ציון פאַר־לעסטינאַ קאָמיטעט". דאָס זיינען איניגע באַציערונגען פונים בוך „יזכור", וואָס דער דאָזיגער קאָמיטעט האָט אַרויסגעגעבן אַלס אָנדענק נאָך די געפאַלענע שומרים אין ארץ־ישראל.

---

די צייכענונגען וואָס מיר דרוקען דאָ פון דעם פועלי־ציון „יזכור־בוך" — זיינען געמאַכט פונים מאַלער מ. לאַעב.

---

דאָס דאָזיגע בוך איז געזעצט און געדרוקט אין דער „אַלפאַ־פרעס", 138־140 — 2טע סטריט.

# אינהאלט.

# דעם אייביגען אנדענקען פון אונזערע ברידער און שוועסטער

---

מיט געבויגענע קעפ שטעהען מיר אלע פאר׳אבל׳טע נעבען די בלו־טיגע קברים פון אונזערע אומגעקומענע ברידער און שוועסטער.

מאכט ניט אויס וואס מיר דא געפינען זיך טויזענטער מיילען ווייט פון אונזער פאראומגליקטער שטאדט זשיטאמיר, מאכט ניט אויס וואס די מעהרסטע פון אונז האבען דעם אומגליק אליין ניט בייגעוואוינט, — דאך איז אונז דער צער זעהר נאהנט, דאך זעהען מיר אלע בולט דעם פינסטערען גורל, וואס האט געטראפען אונזערע ברידער און שוועסטער!

מיר אלע פיהלען, אז מיר שטעהן אליין נעבען די קברים, וואו עס רוהען די געדעכעניסען פון די הונדערטער קרבנות שנהרגו על קדוש השם, נעבען די קברים פון אונזערע מארטירער, וואס זיינען אומגעקומען, באשיצענדיג דעם אידישען כבוד און נאמען.

געבענשט און געהייליגט זאל אויף אייביג זיין זייער נאמען!

* *
*

דער אידישער דיכטער ש. פרוג האט בעת דעם קישענאווער פאגראם געזונגען: „גיט די טויטע אויף תכריכים און די לעבעדיגע אויף ברויט!“

ווילען מיר, זשיטאמירער לאנדסלייט, דעם דאזיגען רוף אויספאלגען. אונזערע הייליגע טויטע רוהען אין זייערע קברים. אבער די איבער־

געבליבענע, די לעבעדיגע, ווייסען מיר, געפינען זיך אין גרויס נויט, גע־פינען זיך אין עלענט.

האבען מיר, זשיטאמירער, וואס געפינען זיך אין אמעריקא, זיך צונויפגעזאמעלט, זיך פאראייניגט כדי צוזאמען בכח צו זיין צו געבען „די לעבעדיגע אויף ברויט".

אלע, אלע זשיטאמירער מוזען זיך צונויפזאמלען אזוי ווי איין משפחה. מיר מוזען שיקען אונזערע ברידער און שוועסטער אויף יענער זייט קליידער, ברויט, מעדיצין; מיר מוזען זיי אויסשטרעקען אונזער ברידערליכע האנט, מיר מוזען זיי שיקען ערמונטערונג און ליעבע אין זייער עלענט.

*

גרויס און טיעף איז אונזער וועהטאג: צו גרויס איז דער אומגליק און צו שארף איז דער צער.

שטעהען מיר ביי די קברים פון אונזערע מארטירער און זאגען דורך טרעהרען: „יזכור, זאל דער נאמען פון אייך, אומגעקומענע, קיינמאל ניט פארגעסען ווערען. אייער נאמען וועט אייביג אין אונזערע הערצער און נשמות רוהען!"

---

און אט מיט דעם געפיהל גיבען מיר ארויס דאס דאזיגע בוך. זאל עס זיין א קליינער אנדענק, אנ׳ארומגעהענדיגע מצבה נאך אונזערע טויטע.

**דער זשיטאמירער פאראייניגטער רעליעף קאמיטעט.**

ניו יארק, ניסן, תרפ״א.

# האט רחמנות

פון ש. פרוג *)

---

שטראָמען בלוט און טייכען טרעהרען
זידען, פליסען טיעף און ברייט...
אונזער אַלטער, גרויסער אומגליק
האָט זיין האָנט אויף אונז פערשפּרייט.

הערט איהר דאָרט, ווי מוטערס קלאָגען
און פון קינדער דאָס געשריי?
טויטע ליעגען אויף די גאַסען,
קראַנקע פאַלען נעבען זיי...

ברידער, שוועסטער, האָט רחמנות!
גרויס און שרעקליך איז די נויט —
גיט די טויטע אויף תכריכים,
גיט די לעבעדיגע ברויט!...

---

*) דאָס דאָזיגע ליעד האָט דער גרויסער דיכטער, ש. פרוג, אנגעשריבען אין יאהר 1903, ביים אויסברוך פון די דעמאָלדיגע פּאָגראָמען אויף אידען.

פון דער ווייטען שווער צו פיהלען:
ווייטע טרערען — ווייט געוויין,
ווייטער אומגליק — פרעמדער אומגליק,
פרעמדעס בלוט... ניין, ברידער, ניין!

הערצער טויזענד — און א י י ן וועהטאָג,
טויזענד הייזער — און א י י ן טהיר:
אַלע, אַלע — א י י ן פערקלאָגטער
קראַנקער יתום זײַנען מיר!...

שטראָמען בלוט און טייכען טרערען
זידען, פליסען אָהן אַ שיעור...
אימת־מות קוקט אין פענסטער
און דער הונגער קלאַפּט אין טהיר...

שלאָף איז אונזער האַנט צו שטרייטען,
שטאַרק און שווער איז אונזער שמאַרץ.
קום־זשע, דו, מיט טרייסט און ליעבע,
גוטעס, הייסעס יודיש האַרץ!



# אנשטאט זכרונות

ליעבע ברידער!

איהר ווילט איך זאָל עפּעס דערצעהלען פון מיינע זכרונות און ערינערונגען אין זשיטאָמיר. אָה, איך האָב טאַקע אַ סך צו דערצעהלען, אָבער דאָס זיינען אַלץ אַזעלכע פרעהליכע ערינערונגען, אַז עס שטימט גאָר ניט מיט די היינטיגע טרויעריגע צייטען. די בעסטע פון מיינע יוגענדליכע יאָהרען זיינען דאָך פאַרבונדען מיט דיר, דו שעהנע שטאָדט, וואָס איז היינט געוואָרען אַ יאָמער־טהאָל. גאָר עס הויבט זיך גאָר ניט די האַנט צו שרייבען איבער יענע צייטען, ווען אונזערע פרעהליכע ליעדער פלעגען קלינגען צווישען די פרעכטיגע בערג, וואו עס פליסט דער טעטערעוו.

אָה, וואָס פאַר גאָלדענע צייטען דאָס זיינען געווען און וואָס פאַר זיסע האָפנונגען! און וואָס הערט זיך היינט דאָרטען? קרעכצען און יללות. די נאַטור אַרום איז די זעלבע. אַלץ די זעלבע בערג, טהאָלען און טייכען, אָבער די מ ע נ ש ע ן? וואָס איז פון זיי געוואָרען? עס כאַפּט אָן אַ ציטער ביי די ווערטער פּאָגראָמען און שחיטות.

זשיטאָמיר! דו „וועלט פון זשיטאָ", פון תבואה — אָה, ווי מען הונגערט היינט אין דיינע הייזער און ווי מען יאָמערט אויף דיינע גאַסען!

ניין, ליעבע ברידער! איך קען איצט ניט שרייבען איבער יענע צייטען, ווען עס איז מיר געווען אַזוי פרעהליך אויפ'ן הארצען און ווען איך האָב זיך אַרומגעטראָגען מיט אַזעלכע זיסע האָפנונגען אויף בעסערע צייטען, אויף אַ שעהנערער צוקונפט. דאַכט זיך, גאָר ניט לאַנג צוריק, די

זכרונות זיינען נאָך פריש, נאָר עס גלויבט זיך גאָר ניט, אַז היינט הערשט דאָרטען אַזאַ ווילדקייט, אַז מענשען זיינען אומגעוואַנדעלט געוואָרען אין אַזעלכע בלוטדורשטיגע חיות.

מיינע זכרונות וועל איך לאָזען פאַר בעסערע און פרעהליכע צייטען, אויך אויף אונזערע אידישע גאַסען, און דערווייל לאָמיר זיך טרייסטען מיט האָפנונגען אויף אַ בעסערע צוקונפט מיט מ ע נ ש ל י כ ע ר ע מענשען. א, לאָמיר ניט פאַרלירען די האָפנונגען און לאָמיר טאָן אונזער בעסט, מיר, וואָס האָבען דעם מזל צו לעבען אין אונזער גליקליכער נייער היים, אין אונזער הערליכער אמעריקאנער רעפובליק, — פאַר אונזערע אומגליקליכע ברידער, וואָס פּלאָגען זיך און מוטשען זיך אין אונזער אַלטער וויסט געוואָרענער היים.

פ י ל י פ  ק ר אַ נ ץ.



# דער ערשטער פאגראם אין זשיטאמיר
# אין יאהר 1905

---

די גרויסע, שעהנע אידישע זשיטאָמיר האָט אין די לעצטע מלחמה-יאהרען אדורכגעלעבט שרעקליכע, בלוטיגע טעג: דריי שרעקליכע פאָגראָמען, וואָס האָבען אוועקגערויבט אזוי פיעל קרבנות.

דער אָנדענק, דער הייליגער אָנדענק, פון די געפאלענע, פון די קדושים, בלייבט טיעף אין אונזער אָנגעוועהטאָגט הארץ, בלייבט איינגעקריצט מיט פייערדיגע אותיות אין אונזער נשמה — און אייביג-אייביג וועלען מיר זיי מיט טיעפען צער און הייליגען געפיהל דערמאָנען.

אונזער זשיטאָמיר האָט שוין נאָך מיט עטליכע יאָהר צוריק איבערגעלעבט אָ בלוטיגען פאָגראָם; נאָך אין יאָהר 1905 האָט דער אומגליק זיין שווארצע האַנט אויף אונז פארשפרייט און האָט פון אונז טייערע און ליעבע קינדער אוועקגערויבט!

יזכור! זאָל דער נאָמען פון די דאָמאָלסדיגע קדושים דערמאָנט ווערען מיט די לעצטערע, מיט די נייערע געפאלענע! זאָל אונזער „יזכור" דאָס גאַנצע אומשולדיג פארגאָסענע בלוט דערמאָנען!

אַלע זיינען זיי קדושים, אומגעקומענע דורך דער האַנט פון רוצח, פארגאָסען אידיש בלוט!

# ווי אזוי דער ערשטער פאגראם
# איז פארגעקומען

זשיטאָמיר איז געווען איינע פון די גליקליכסטע שטעדט אין רוס־לאַנד, וואו די אידען מיט די גוים האָבען זיך געלעבט בשלום. די פרעסע האָט ניט געדרוקט קיינע אַנטיסעמיטישע אַרטיקלען, די נאַטשאַלסטוואָ איז געווען אידען־פריינדליך; די אָרטיגע גוים האָבען ניט אַרויסגעוויזען קיין שום פיינדשאַפט צו אידען ניט אין רעליגיעזען און ניט אין נאַציאָ־נאַלען זין.

אין יאָהר 1904 אָבער האָט זיך דאָס רעדעל אַ דרעה געטאָן. אין דער צייט פון די רוסישע אומרוהען איז געוועהנליך איך זשיטאָמיר ניט געשטאַנען פון ווייטען, און דאָס האָט, פאַרשטעהט זיך, שטאַרק אָנגע־שטויסען די שטאָדטישע פּאָליציי אויף די אידען, וואָס זיינען אַלע מאָל דאָס כפרה־הינדעל. אויך דאַן אָבער זיינען די באַציהונגען צווישען איד און קריסט דאָ ניט געווען אַזוי אָנגעצויגען ווי איבער גאַנץ רוסלאַנד.

און ווען אין יאָהר 1905 האָט זשיטאָמיר זיך שוין אויך נישט אויס־געדרעהט פון דער פּאָגראָם כוואַליע, וואָס האָט פאַרפלייצט גאַנץ רוס־לאַנד, איז עס געווען ניט אַזוי צוליעב דער שנאה פון די שטאָדטיגע קריסטען ווי צוליעב די אָנגעלאָפענע כוליגאַנעס און פון דער פּאָליציי, וועלכע האָט זיך געוואָלט מיט אימיצען אָפּרעכענען פאַר'ן וועלען שטערען איהר מאַכט. דאָ האָט זיך דאָס ערשטע מאָל אָנגעהויבען אַן אָפענע אַגיטאַציע צו מאַכען אַ פּאָגראָם, מיט דעם אויסרייד, פאַרשטעהט זיך, אַז מען געהט דאָ באַקעמפּפען די רעוואָלוציאָנערען, וואָס זיינען דאָך אַלע מאָל נאָר אידען.

אז די קלאַנגען וועגען אַ פּאַגראַם האָבען אַנגעהויבען אַלץ שטאַרקער צו ווערען, האָבען די אינגערע עלעמענטען גענומען צו אָרגאַניזירען זיך אין אַ זעלבסט-שוץ.

צוליעב דעם האָבען די געקומענע כוליגאַנעס און פּאָליציי-לייט זיך העפטיגער גענומען פיהרען זייער פּאַגראַם-אַגיטאַציע שרייענדיג, אַז די אידען גרייטען זיך אויסצוקוילען אַלע גוים..

אַזוי איז די שטימונג געוואָרען אַלץ ערגער און די באַציהונגען זיינען געוואָרען אַלץ אַנגעצויגענער, ביז — ביז ס'איז געקומען צום ערשטען צוזאַמענשטויס.

דאָס איז געווען שבת דעם 23טען אַפּריל, 1905.

פּאָוליקאָוער שקצים האָבען פון ברעג טייך אַנגעהויבען וואַרפען שטיינער אין די לאָדקעס, וואו עס זיינען געפאָהרען אידישע יונגע לייט פון זעלבסט-שוץ. די אידישע יונגע לייט האָבען גלייך אָפּגעענטפערט מיט אַ פּאָר שאָסען אין דער לופט. די שקצים האָבען זיך אַ וואָרף געטאָן צו זייערע הייזער מיט געשרייען, אַז אידען ווילען זיי אויסקוילען. זיינען די גוים אַרוים פון די הייזער און האָבען מיט העק און דובינעס אַ וואָרף געטאָן זיך אויף זייערע שכנים די אידען. דאָ זיינען ווי פון דער ערד אויסגעוואַקסען זיי צו הילף טולער און מאָסקוואָער קאַצאַפּעס. זיי האָבען אַנגעהויבען צו ברעכען פענסטער און „ברעכען ביינער"... נאָר בעראָ-בעוועט האָבען זיי ניט. באַלד זיינען זיך צוזאַמענגעלאָפען די „סאַמאָ-אָבאָראָנע", נאָר די פּאָליציי איז זיי פריהער פאַרלאָפען דעם וועג מיט געגרייטע ביקסען. די פּאַגראַמשטשיקעס אָבער האָבען געהאַט אַ פרייע האַנט. און אַזוי האָבען זיי געבושעוועט עטליכע שעה... זיי האָבען פאַרוואונדעט אַכט אידען, צווישען וועלכע עס איז אויך געווען דער שריפטשטעלער ש. צ. זעצער, וועלכער האָט מיט דער ערלויבניש פון פּאָליצמייסטער געוואָלט באַרוהיגען די כוליגאַנעס.

זונטאג אין דער פריה איז די שטימונג אין פאוויליקאווקא און אנדערע טיילען פון שטאדט געווען זעהר אן אויפגערעגטע. די כוליגאנעס זיינען געשטאנען אנגעטרונקענע, ווילדע, גרייט צו זייער טייוולישער שפיעל און יונגע לייטע, אידישע און קריסטליכע אינטעליגענטען, האבען זיך געדרעהט ארום זיי אויף צו פארהאנדלען מיט זיי.

אזוי האט די שטימונג אנגעהאלטען א גאנצען טאג און אין אווענט האט דער פאגראם איסגעבראכען. מען האט גענומען ברעכען פענסטער. די אידישע „סאמאאבאראנע", וועלכע איז געשטאנען אנגעגרייט, האט זיך גלייך אוועקגעשטעלט אויף א פאזיציע. דא האבען זיך אבער דער־הערט קלאנגען, אז אויף פאדאליער גאס איז דער פאגראם אין פולען גאנג. די אידען זיינען גלייך אוועק אהין. מען האט ארויסגערופען דעם גובערנאטאר. ער האט צוגעזאגט צו שיקען מיליטער, נאר דאס מיליטער איז געקומען א פיער שעה שפעטער ווי דער פאגראם האט זיך אנגע־הויבען. אין דער צייט זיינען שוין געלעגען זעקס גע'הרג'עטע, פינף אידען און איין קריסט.

אויפ'ן מארק האט זיך אפגעשפיעלט אזא טראגעדיע. צו דער אידי־שער סאמאאבאראנע זיינען צוגעקומען די גוט באקאנטע דר. בינשטאק און דער סטודענט בלינאוו, א גוי. דערוויסענדיג זיך, אז די פאליציי רינ־געלט ארום אן עולם כוליגאנעס און ארעסטירט זיי נישט, זיינען זיי צוגעגאנגען צום פאליצמייסטער איהם בעטען, ער זאל בארוהיגען די איינוואונער. דער פאליצמייסטער האט עס זיי צוגעזאגט מיט'ן תנאי, אז זיי זאלען הייסען די אידען זיך צוגעהן. בלינאוו און בינשטאק האבען מיט ערפאלג דורכגעפיהרט זיין פארשלאג און ווען זיי האבען זיך צוריק־געקעהרט צום פאליצמייסטער, האבען זיי איהם שוין דארט ניט געטרא־פען. אבער ווי נאר זיי זיינען אריין אין רינג פון די סאלדאטען, האבען

דער פריסטאַוו און אָפּיצערען אַנגעהויבען שרייען: „דאָ איז געקומען אַ אידישער דאָקטאָר באַלאַדען מיט געוועהר!“ מען האָט איהם גענומען שלאָגען. אויף זיינע געשרייען האָט קיינער ניט געענטפערט. בינשטאָק האָט אַנגעכאַפּט בלינאָוו׳ען ביי דער האַנט און ווען זיי האָבען ביידע זיך געוואָלט אַרויסרייסען פון קייט, האָט אַן אָפּיצער אַ ריס געטאָן בלינאָוו׳ען אין בינשטאָק׳ען אַוועקגעוואָרפען אויפ׳ן טראָטואַר. שטיינער זיינען בלינאָוו׳ען געפלויגען אין קאָפּ אַריין, איטליכער וועך עס האָט נאָר געוואָלט: כוליגאַנעם, סאָלדאַטען און אויך באַאַמטע האָבען זיך דאָ אַ וואָרף געטאָן אויף איהם און האָבען איהם אויפ׳ן אָרט דער׳הרג׳עט. אַ צוקאַליעטשעטער, אַ צושניטענער איז ער געלעגען אין אַ טייך בלוט אויף דער גאַס ביז אין מיטען נאַכט.

אין דער זעלבער צייט וואָס מען האָט גע׳הרג׳עט בלינאָוו׳ען האָט מען גע׳הרג׳עט אַ אידישען סוחר ה א ג ע ר , וואָס איז אַרונטער פון טראַמוואַי. שפּעטער האָבען כוליגאַנעם אין די אויגען פון דער פּאָליציי גע׳הרג׳עט אידען און אויף דער סטאַראָ־ווילסקאַיאַ איז שטערבליך פאַר־וואונדעט געוואָרען דער תלמוד־תורה לעהרער, פרידמאַן.

אָבער די בלוטיגסטע שחיטה איז געווען אויף פּאָדאָליער גאַס. דאָ איז פאָרגעקומען אַ צוזאַמענשטויס פון דער „סאַמאָאָבאָראָנע“ און די מאָלדאַוואַנישע כוליגאַנעם. די כוליגאַנעם האָבען געוואָרפען שטיינער און געשאָסען פון ביקסען. די זעלבסט־שוץ האָט זיך זעהר העלדיש פאַר־טיידיגט. און עס האָט אויסגעזעהן, אַז זיי וועלען זיין די זיגער. דאָ זיינען אָבער די כוליגאַנעם לעבען מאַטשיסעק׳ס זאַוואָד פאַרגאַנגען די סאַמאָאָבאָראָנע פון הינטען און האָבען אַיך צוגעקראָגען אַ גרויסע צאָהל אַרבייטער פון זאַוואָד, וועלכע זיינען אַרוים מיט שטיינער און געוועהר.

אַלץ וואָס די סאָמאָאָבאָראָנע האָט דאָ געקענט טאָן איז אַנטלויפֿן. געה'רג'עטע זײַנען דאָרט געוועזן. דער סטודענט לייביש וויינשטיין, אַ פריקאַשטשיק, 15 יאָהר אַלט, איצקא גוסינאָוו, אַ סטאָליאַר, אבא יאַנקעל טשאַטשקעס, 21, אַן אַרבייטער ישראל פאַך, 28 יאָהר, יוסף מענאַקער, גדליה שמואלסאָן, 35 יאָהר אַלט.

אין אַנדערע פּלעצער זײַנען דעם זעלבען טאָג געה'רג'עט געוואָרען דער נאַבאַרשטשיק מאָטעל דאָסון, 22 יאָהר אַלט, עליאָ פרידמאַן, 39, הירש קינבערג 17, אַברהם וואלדאַטשינסקי, סטודענט בלינאָוו, עליאָ אַל-שאַנסקי, הויז איינגענטימער, און דער שמיד יוסף הונער, 39. די מייסטע זײַנען געשטאָרבען פון שווערע קלעפּ אין קאָפּ פון העק און שטיינער. איינינע טויטע זײַנען געווען אַזוי צוקאַליעטשעט, אַז מען האָט זיי ניט דערקענט. פאַרוואונדעטע זײַנען אין יענעם טאָג געווען איבער פופציג. פון די וואונדען איז אויך געשטאָרבען איינער שמואל פליישמאַן.

דריי אַ זייגער איז אויף דער דובנער גאַס געה'רג'עט געוואָרען דער זעצער ריסמאַן, 22 יאָהר אַלט. איהם מיט זיין פאַמיליע האָט אַ שכן פאַרפיהרט צו זיך און זיי דערנאָך איבערגעגעבען צו די כוליגאַנעס. מאָנטאָג אין דער פריה זײַנען נאָך איינינע הייזער אויף פּאָדאָליער גאַס געפלינדערט געוואָרען.

דעם זעלבען טאָג איז אויך צעראַבעוועט געוואָרען דער זאַוואָד פון בראָווער און בירענבוים. צוויי מענשען זײַנען געה'רג'עט געוואָרען, דער טאַטע און זוהן קרישטאָל.

דער פחד איז געווען אומבאַשרייבליך. די גאַנצע אידישע באַפעל-קערונג איז געווען פאַר'אַבל'ט, צוזאַמענגעבראָכען צוזעהענדיג ווי די

צארישע פאליציי שטעהט אפען אויף דער זייט פון די פאגראמשטשי־קעס... די העלדישע זעלבסט־שוץ האט ניט אפגעלאזט די הענט ביז דער לעצטער מינוט — אבער די מיליטער און פאליציי האבען זיי געשטערט... אין דער זעלבער צייט אבער האבען די כוליגאנעס געהאט א פרייע האנט.

דינסטאג איז אין שטאדט עטוואס שטילער געווארען. אבער פלוצ־לונג האט מען דערהערט, אז א פאגראם האט אויסגעבראכען אין דער פארשטאדט קראשניא. א סך אידישע הייזער זיינען צעראבירט געווא־רען און צעהנדליגער אידען זיינען גע׳ממית׳עט געווארען, געשלאגען, גע׳מזיק׳ט.

ערשט שפעטער איז דערקלערט געווארען קריעגס־צושטאנד. דער פאגראם האט זיך גענומען איינשטילען. די כוילגאנעס האבען גענומען פארשווינדען... זיי האבען שוין דערפיהלט, אז „נאטשאלסטווא" וויל שוין מעהר ניט הוליען...

דער פאגראם האט זיך איינגעשטילט — אבער ניט די אידישע הערצער. א שרעק, א טיעפער צער און צארן האט ארויסגעקוקט פון אלעמענס אויגען... ווי א בית־עולם האט זשיטאמיר איסגעקוקט נאכ׳ן פאגראם.

— און גרויס און שווער איז געווען דערנאך די לויה פון די געפא־לענע!

טרעהרען האבען זיך פון טויזענטער אויגען געגאסען, די הערצער זיינען ביי אלעמען צעבראכען געווען, די איבער 50 טויזענט אידען פון זשיטאמיר זיינען לאנג, לאנג פאר׳אבל׳ט געבליבען...

# די נעמען פון די געפאַלענע

---

דאָס זיינען די נעמען פון די אומגעקומענע אין דעם פּאָגראָם פון יאָהר 1905. זאָלען זייערע נעמען דערמאָנט ווערען צוזאַמען מיט אַלע קדושים ביז אין דער אייביגקייט אריין.

1. ליבוש אפרים ב״ר שלמה וויינשטיין. ער איז געווען 21 יאהר אַלט (גע'הרג'עט געווארען אויף פּאַדאָל פון א קויל).

2. אבא ב״ר יעקב-לייב טשעסקעס, 21 יאהר אַלט, א ביינקעל־מאכער (געהערט צום בונד, גע'הרג'עט אויף פּאַדאָל).

3. גדליה ב״ר ראובן שמואלזאָן, 35 יאהר אַלט, א מעכאַניק אין דעם זאוואָד פון טשוגון גיסערייו (געשאָסען געווארען אויף פּאַדאָל).

4. יוסף־אברהם ב״ר משה־מרדכי נוגער, 40 יאהר אַלט, א שמיד.

5. צבי ב״ר ישראל הכהן קינבערג, 17 יאהר אַלט, א פּריקאַשטשיק (באַלאַנגט צו די פּועלי־ציון, גע'הרג'עט אויף פּאַדאָל).

6. אליעזר צבי ב״ר פסח הכהן ריסמאַן, 22 יאהר אַלט, א זעצער.

7. ישראל ב״ר יצחק הכהן פאך, 28 יאהר אלט, א פועל־ציון פון „סאמא־אבאראנע״.

8. יוסף ב״ר בנימין מענאקער, 20 יאהר אלט, א קצב פון די ציוני־ציון, גע׳־הרג׳עט אויף פאראל. ער איז געווען גרייט יעדע וואך צו פאהרען קיין פאלעסטינא.

9. אברהם ב״ר מרדכי וואלדאטשינסקי, 17 יאהר אלט, א שניידער, גע־הערט צום „בונד״.

10. יהושע ב״ר משה צבי פרידמאן, א בערער, 39 יאהר אלט. גע׳הרג׳עט געווארען ווען ער איז געלאפען ברענגען דעם פאטרול אויף פאראל.

11. מרדכי קלמן ב״ר יעקב מענדעל דעסון, 19 יאהר, א בלעכער, באלאנגט צום „בונד״, גע׳הרג׳עט געווארען אויף פאראל.

12. יצחק ב״ר יהודה-לייב גוסינאוו, 15 יאהר אלט, א פריקאשטשיק, פון די פועלי־ציון, פארשטיינט געווארען זונטאג אויף פאראל.

13. אליהו ב״ר יצחק עלשאנסקי, 44 יאהר, א פאדריאטשיק.

14. שמואל ב״ר דוב פליישמאן, 15 יאהר אלט, פון די ציוני־ציון.

15. שמעון ב״ר אברהם בער באלגער, 17 יאהר.

16. חנה דולבער, 70 יאהר יאהר, פון דארף דובאוועץ. גע'הרג'עט אין דארף. איהר מאן שווער פארוואונדעט.

17. איינעם דער'הרג'עט אויפ'ן וועג קיין סיגנור. זיין נאמען ניט באקאנט.

18. וואלף ב"ר חיים שאיעוויץ, פון סיגנור.

19. האגער, א סוחר.

21-20 טאטע און זוהן קרישטאל.

22. און צו דעם צעטעל פון די אומעקומענע קומט אויך צו דער נאמען פונ'ם גוי איוואן איוואנאוויטש בליגאוו, וואס איז גע'הרג'עט געווארען, ווייל ער האט זיך אנגענומען פאר אידען.



# די צעהן טשודנאווער העלדען

(זייער העלדישער טויט אין טראַיאַנאָוו).

---

צעהן העלדען זיינען זיי געווען. צעהן וואונדערבאַרע יונגע, אידעאַליסטישע אידישע נשמות, צעהן יונגעלייט פון טשודנאָוו. ניין פון זיי האָבען זייער גרויזאַמען טויט אין טראַיאַנאָוו געפונען, דער צעהנטער האָט זיך ווי דורך אַ נס געראַטעוועט.

זייער יונג בלוט איז אין טראַיאַנאָוו פאַרגאָסען געוואָרען. דאָרט האָט זיי אַ צעווילדעוועטער המון גוים איינעם נאָכ׳ן צווייטען אומגעבראַכט.

דאָס איז געווען אין אַפּריל, 1905.

די אומרוהיגע קלאַנגען וועגען פּאָגראָמען אויף אידען האָבען זיך אין זשיטאָמיר און אַרום זשיטאָמיר פאַרשפּרייט. טשודנאָוו און טראַיאַנאָוו זיינען צוויי קליינע ישובים נעבען זשיטאָמיר. האָט דער פּאָגראָם-שרעק אויך די דאָרטיגע אידען דערגרייכט.

אין טשודנאָוו — ווי אין פיעלע אַנדערע שטעדט, אַזוי ווי אין זשיטאָמיר אַליין — האָט זיך אַ זעלבסט-שוץ געגרינדעט.

ווען די טשודנאָווער יונגעלייט, מיטגליעדער פונ׳ם זעלבסטשוץ, האָבען דערהערט, דאָס אין זשיטאָמיר האָט אויסגעבראָכען אַ פּאָגראָם, האָבען זיי צווישען זיך אַ זיצונג געהאַט און באַשלאָסען, מיט באַהאַלטענעם געוועהר, זיך אויף אַ פוהר קיין זשיטאָמיר צו לאָזען, צו העלפען די זשיטאָמירער זעלבסטשוץ אַנטקעגען די כוליגאַנעס. צעהן העלדען זאָלען פאָהרען.

די געפּאָהרען אין וועג? די געפאַהר, וואָס וואַרט אויף זיי אין זשיטאָמיר גופא? — ניין, דאָס וועט ניט אָפּשרעקען די צעהן יונגע, אַנטשלאָסענע טשודנאָווער העלדען! זיי מוזען געהן, פאָהרען, לויפען צו הילף זייערע אַנדערע ברידער, זיי מוזען לויפען אָפּהיטען דאָס אידישע האָב און גוטס, מציל צו זיין פון טויט אידישע לעבענס...

די פוהר האָט זיך פון אָרט געריהרט — די פוהר מיט די צעהן יונגעלייט. דאָס איז געשעהן דעם 25טער אַפּריל.

אַז צו די טשודנאָווער כוליגאַנעס איז דערגאַנגען די מעשה, אַז צעהן יונגעלייט האָבען זיך קיין זשיטאָמיר געלאָזט, האָבען זיי גלייך געגעבען צו וויסען צו די טראָיאַנאָווער גוים, דאָס „אַ מחנה סאָציאַליסטען, רעוואָלוציאָנערען, אידען זיינען אַרויסגעפאָהרען קיין זשיטאָמיר דורך טראָיאַנאָוו, צו העלפען אויסקוילען די גוים".

די דאָזיגע ידיעה האָט זיך ווי אַ פלאַם-פייער פון גוי צו גוי, פון קירך צו קירך פאַרשפּרייט. גוים האָבען צעקאָכטע אין מחנות זיך זאַמלען גענומען — גוים מיט העק און מיט אייזענס, מיט ביקסען און מעסערס...

און די פוהר מיט די צעהן יונגעלייט האָט זיך אַלץ געהנטער צו טראַ־יאַנאָוו צוגערוקט...

אַז די טשודנאָווער יונגעלייט זיינען אין טראַיאַנאָוו אַריינגעפאָהרען, האָבען זיי זיך פלוצלונג דערזעהן אַרומגערינגעלט פון אַ צעווילדעוועטער קריסטליכער מחנה. די קלויסטער־גלאָקען האָבען, ווי צו אַ שרפה, קלינ־גען גענומען און אַלץ מעהר און מעהר האָבען זיך די גוים פון אַלע זייטען שיטען גענומען.

קולות האָבען גענומען פאַרהילכען די לופט : ווער זיינען זיי ? וואוהין פאָהרען זיי ? — הרג׳עט זיי ! טויט זיי ! זיי זיינען פאַרפלוכטע אידען !

די צעהן יונגעלייט האָבען פון אָנפאַנג, דערזעהענדיג, אַז זיי זיינען שוין סיי ווי אין אַ גרויסער סכנה, געוואָלט זיך באַשיצען, קעמפפען ביז׳ן לעצטען טראָפּען בלוט, פאַלען ווי העלדען !

אָבער דאָ האָבען די טראַיאַנאָווער אידען זיי בעטען גענומען, זיי זאָלען ניט קעמפפען, זיי זאָלען זייער געוועהר אָפּגעבען, וועלען זיי מיט דעם זייערע אייגענע לעבענס ראַטעווען און אויך די לעבענס פון׳ם גאַנ־צען שטעדטעל.

די העלדישע בחורים האָבען זיי געפאָלגט.

אָבער ווי נאָר זיי האָבען זייער געוועהר אָפּגעגעבען, האָבען זיך די גוים אויף זיי ווי ווילדע חיות געוואָרפען : ווער מיט אַ האַק, און ווער מיט אַ מעסער, און ווער מיט אַ שטיין — ממש איינעם נאָך דעם אַנדערען

האָט מען צושניטען, צופּיצעלט, צוריסען גלידערווייז. און אַז זיי האָבען שוין איינעם דער׳הרג׳עט, האָבען זיי, די ווילדע חיות, נאָך אַלץ גע־שטאָכען, געצופּט דעם טויטען קערפּער און דערנאָך אַ פאַרשפּיגענעם, אַ פאַרבלוטיגטען איהם פאַר די הינט אַוועקגעוואָרפען... — — —

צוויי פון די קרבנות, נאָך גאָר אינגלאָך, זיינען אַנטלאָפען פון די מערדער און זיי האָט אָפּגעגאַלטען צו דערלויפען ביז דער שוהל, וואו דער שמש האָט זיי באַהאַלטען. וועה, דאָס האָט די אומגליקליכע געראַטעװעט נאָר אויף איין טאָג, אַ שרעקליכען טאָג, שרעקליכער נאָך אפשר פאַר׳ן טויט !

אַ גאַנצען טאָג זיינען די יונגע קינדער געלעגען און געציטערט אין שוהל. אויף מאָרגען האָבען זיך אָבער דערוואוסט דערפון די בויאַנעס. אַ המון בלוט-דורשטיגע, אויפגערייצטע פויערים זיינען אַנגעלאָפען צו דער שוהל. מען האָט גענומען שלאָגען דעם גבאי, פאַר וואָס ער האָט ערלויבט צו עפענען די שוהל, און דערנאָך איז מען אריין אין שוהל. איין יונגערמאַן האָט זיך באַהאַלטען אויפ׳ן בוידעם, האָט מען איהם פון דאָר־טען אראָפּגעוואָרפען און אַזעלכע עוויים אַנגעטאָן, אַז ער האָט געבעטען ביי די מערדער דעם טויט אַלס גנאָד.

דער צווייטער האָט זיך אין אָרון קודש באַהאַלטען. די בויאַנעס האָבען דעם אָרון קודש אויפגעריסען און טאַקע דאָרטען דער׳הרג׳עט... די ספרי תורות זיינען עדות געווען אויף דעם שרעקליכען מאָרד...

ניין העלדען זיינען מיט אַזעלכע יסורים אומגעבראַכט געוואָרען. דער צעהנטער האָט זיך ווי דורך אַ נס געראַטעוועט. געראַטעוועט זיך כאָטש פון טוידט !

דאָס זיינען די נעמען פון די אומגעקומענע : יעקב בן־ציון בהרב יוסף־אהרן מתוק (17 יאָהר אַלט),יעקב ב״ מענדעל בראָדסקי (24 יאָהר אַלט), פנחס בן יעקב הורוויץ (21 יאָהר אַלט), דוב זאַלאָטניק (25 יאָהר אַלט), אייזיק בילענקין (18 יאָהר אַלט), זעליג בן צבי, יעקב שערמאַן, יוסף־לייב, משה־בערעל שלומים, יעקב מיטנאָוויצקי איז שווער פאַר־וואונדעט געוואָרען.

אַט דאָס איז טראַגישע געשיכטע מיט די טשודנאָווער העלדען.

צוזאַמען מיט די געפאַלענע אין זשיטאָמיר, צוזאַמען מיט אַלע אידי־שע מאַרטירער פון אַלע דורות, וועט זייער געדעכעניש אייביג לעבען אין דער נשמה פון דעם אידישען פאָלק !



# די דריי בלוטיגע יאהרען אין זשיטאמיר

(וואס זשיטאמיר איז זיך אויסגעשטאנען אין די יאהרען 1917, 1918, 1919 און 1920. אליין דורכגעלעבט און איבערגעגעבען פון פרוי קלארא קויפמאן).

שרעקליכע, בלוטיגע, גרויליכע טעג האט איבערגעלעבט אונזער שטאדט זשיטאמיר אין די לעצטע עטליכע יאהר. אונזער אמאליגע לעבעדיגע שטאדט איז רואינירט געווארען, איז דערטרונקען געווארען אין א ים פון אונענדליכע צרות. אזש פון יאהר 1917 האבען זיך די אומגליקען געצויגען ביז היינטיגען טאג.

איך אליין האב מיט מיינע אויגען די דאזיגע אומגליקען בייגעוואוינט.

און איצט, געפינענדיג זיך צווישען מיינע ברידער און שוועסטער לאנדסלייט אין אמעריקא, וועל איך פרואווען איבערגעבען אלץ, וואס איך האב געזעהן, אלץ וואס האט געטראפען אונזער ליעבע שטאדט זשיטאמיר!

אין יאהר 1917 איז זשיטאמיר, ווי די אנדערע געגענדען ארום, פאר־נומען געווארען פון דער דייטשער ארמעע. אלס הערשער איבער אונז איז באשטימט געוואען — געטמאן סקאראפאדסקי.

## דער ערשטער פּאָגראָם.

געטמאַן סקאָראָפּאַדסקי האָט אין אוקראַינא געקעניגט געגען אַ יאָהר. פאַר זיין צייט האָט זיך געלעבט גאַנץ רוהיג. די דייטשען האָבען איינגעפיהרט אַ גוטע אָרדנונג און האָבען נישט אַרויסגעצייגט קיין אַנטיסעמיטיזם. די אינדוסטריע און האַנדעל זיינען געווען אין פולען גאַנג. מענשען האָבען גוט פאַרדינט און פיין געלעבט.

נאָר אין איין שעהנעם טאָג, דעם 8טען דעצעמבער, יאָהר 1918, איז פון קיעוו אַנגעקומען אַ גרויסער „אָטריאַד" קיין זשיטאָמיר אונטער דער פיהרערשאַפט פון „באַטיקאָ פעטלורא", און דאָ איז פאָרגעקומען די ערשטע שלאַכט צווישען פעטלורא'ן און די דייטשען. אָנגעהאַלטען האָט די שלאַכט פון 8טען ביז'ן 10טען דעצעמבער און האָט זיך אויס־געלאָזט מיט אַזעג פאַר פעטלורא'ן, — די דייטשען האָבען געמוזט אָפּטרעטען.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס די זשיטאָמירער איינוואוי־נער איז אויסגעקומען צו הערען דאָס קראַכען פון קאַנאָנען, האָבען זיי זיך שטאַרק דערשראָקען און זיך באַהאַלטען אין די קעלערס.

די דייטשען זיינען אַוועק, דאָס שיסען האָט אויפגעהערט. די גאַסען האָבען אויסגעזעהן אַזוי ווי קברים, פון וועלכע מען האָט אַרויסגענומען די טויטע... די הייזער אַלע — פינסטער. דאָ און דאָרט אין שטויב — בלוט פון געפאַלענע און פאַרוואונדעטע סאָלדאַטען מסתמא. עטליכע טעג זיינען אַוועק. דער עולם האָט זיך אַ ביסעל באַרוהיגט און אָנגע־

הויבן אַרויסקריכן פון די נאָרעס צו ביסלאַך. דאָס לעבן האָט אָנ־געגומען דעם נאָרמאַלן גאַנג און ווידער האָבן מענטשן אויפגעלעבט און געלעבט, געהאַפּט...

עס זיינען אָנגעקומען די טעג פון „ראַזשדעסטוואָ". די זיעגער האָבן זיך גאַנץ פיין גע'יום־טוב'ט, אָבער אַלץ איז זיך געגאַנגען כשורה. נאָר ערשט דעם לעצטן טאָג יום־טוב האָט זיך אין גאַס דערפיהלט אַנ־אומרוהיגקייט. סאָלדאַטן און ציווילע מענטשן האָבן אין געדרענג אָנגעהויבן אָנצופילן די גאַסן און דאָ האָט זיך צווישן עולם אָנגע־הויבן די אַגיטאַציע פאַר באָלשעוויזם.

די אידען, וואָס האָבן זיך דאַן געפונען אין גאַס, האָבן אינסטינק־טיוו דערפיהלט, אַז עפּעס נישט גוטס הויבט זיך דאָ אָן, און האָבן זיך באַלד צוריקגעצויגען פון אַלע רייהעדרייען און זיך צעגאַנגען אין די היימען, נישט נעהמענדיג קיין אנטהייל אין דער פּראָפּאַגאַנדע. לויפענדיג שוין אהיים האָב איך באַמערקט ווי די גוים שרייבן מיט קרייד אויס צלמים אויף זייערע טירען און הענגען אַרויס איקאָנעס. וואָס דאָס באַדייט האָב איך נישט געוואוסט, נאָר דאָס האַרץ איז מיר מיט אַמאָל איינגע־פאַלען...

דאָס איז געווען די ערשטע שלאַפלאָזע נאַכט פאַר די אידען אין זשיטאָמיר. אין דער פריה האָט מען שוין דאָס שיסען געהערט איבער דער גאַנצער שטאָדט. אַרויסגעהענדיג אין גאַס האָט מיך באַגעגענט אַן אַלטיטשקער מאַן און האָט מיך געוואָרענט איך זאָל אין שטאָדט אַריין זיך נישט דערוועגען צו געהן. און דאָ האָט ער מיר דערצעהלט די גוטע בשורה, אַז אין שטאָדט איז שוין דער פּאָגראָם אין אַלע עקען.

אנגעהויבען האט זיך דער פאגראם דערמיט, וואס די סאלדאטען האבען זיך אריינגעריסען אין די קלייטען און האבען אלע טייערסטע זאכען פאר זיך פארנומען און די ביליגערע ארויסגעווארפען אויף די גאסען. די שטאטיגע כוליגאנעס, וועלכע האבען נישט געהאט קיין גע־וועהר און האבען דעריבער זיך נישט געקענט פארמעסטען מיט די סאלדאטען, האבען זיך נעבעך געמוזט באנוגענען מיט דעם אפפאל. דער־פאר אבער האבער זיי צווישען זיך ג ע ׳ ה ר ג ע ט ז י ך פאר דאס בעסטע. און אויסגעזעהן האבען זיי, אזוי ווי הינט ביי א יאטקע...




קרבנות פון פעטלורא׳ס ערשטער שחיטה.

אפגעפארטיגט זיך מיט די קלייטען, האבען זיי זיך א לאז געטאן איבער די הייזער, געראבעוועט, געהרגעט און געשענדעט.

אזוי זיינען טעג געגאנגען. בייטאג איז די היילינגע ארבייט אנגעגאנגען פון די מאסען און ביינאכט האבען זיך אויך באוויזען די אויסדערוועהלטע פון פאלק-באאמטע, גלחים און גלאט אזוי געלערנטע.

ענדליך זיינען די פיאוזקעס שוין געווארען אזוי געשוואלען פון בלוט, וואס זיי האבען אנגעזויגען, אז זיי האבען זיך געמוזט אפרוהען...

ערשט איצט האט מען דערזעהן דעם גאנצען חורבן. די טויטע האבען זיך געוואלגערט אויף די גאסען און די לעבעדיגע האבען מיט געוויינען, דאכט זיך ביז'ן זיבעטען הימעל, גענומען זיך באגראבען יעדער זיינעם, יעדער זיינעם. און דאס איז דער צעטעל פון די קדושים אין דעם ערשטען פאגראם:

דעם 14-טען מערץ האט זיך דערהערט א קאנאנען שיסעריי און צווישען פעטלורא'ס סאלדאטען איז געווארען א גרויסע בהלה. ווי פאר'סמ'טע מייז זיינען זיי געלאפען נישט פארגעסענדיג בלויז איין זאך: צו באזייטיגען די אידען, וואס האבען זיך געפלאנטערט זיי אונטער די פיס. אזוי זיינען די פעטלוראוועס אוועק קיין נאווגראד-וואלינסק. צווישען נאווגראד און זשיטאמיר האבען זיי געמאכט א פאזיציע.

12 א זייגער זיינען די באלשעוויקעס מיט רויטע פאהנען אין די הענט אריין קיין זשיטאמיר. נישט באשערט איז געווען די אידען צו כאפען א לאנגען אטעם נאך אלע זייערע אומגליקען. די באלשעוויקעס זיינען געווען קליין אין צאהל אנטקעגען די פעטלוראוועס, ווייל אלע גוים פון דער אומגעגענד האבען זיך אנגעשלאסען אן פעטלורא'ן מיט'ן צוועק צו ראבעווען. דעם 21טען מערץ האבען די באלשעוויקעס זיך געמוזט צוריקציהען.

דאָ האָט זיך דערהערט דער זעהר גלויבליכער קלאַנג, אַז אַריינקו־מענדיג אין שטאָדט וועלען די פּעטלורצעס אויס׳הרג׳ענען אַלע אידען. ווי דערפרישענד עס זאָל נישט זיין דער געדאַנק באַפרייט צו ווערען פון די אוממענשליכע איבערלעבונגען, איז דאָך געוואָרען נישט היימליך אויפ׳ן הארצען... און די יוגענד, איבערהויפּט די מענער, זיינען אַוועק קיין בערדיטשעוו, וואו עס איז געווען די סאָוועטען־מאַכט.

די נאַכט פון 21טען מערץ האָט אָפּגעטאָן איהר אַרבייט פון צוגריי־טונג. מיט דער פולער פאַרשטעלונג פון אַלע מיתות משונות, וואָס דער אין דער פריה וועט ברייגנען, זיינען אַלע פאַרקראָכען אין די טיפסטע, פינסטערסטע לעכער, זיי זאָלען בעסער בלייבען אין אייביגער נאַכט, זיי זאָלען דעם אין דער פריה בעסער נישט זעהן...

אַזוי ווי עס איז געוואָרען טאָג בין איך אַרויס אין גאַס. ווידער האָב איך דערזעהן דעם צייכען פון ליעבע און ברידערליכקייט אויף די טויערען פון די קריסטליכע מאַגאַזינען און ווידער האָט געשמייכעלט די הייליגע פרוי אויף די טהירען פון זייערע הייזער...



# רשימה פון די קרבנות

## ערשטער פּאָגראָם, יאַנואַר, 1919.

(אַנגעפיהרט פון פּעטליורא׳ס באַנדעס)

אייזענבערג אהרן
בוים אַברהם
בירמאַן שרה
גראָשעװסקי משה
געלער אברהם
גאסבערג יצחק
האזין לייזער
אסטיק אליעזר

איידעלמאַן יהושע
קאַסטילאָף דוד
צימרינג יוסף
קאָװאַלסקי פייגע
גויעריש האסיע
שניידערמאַן ריסעל
קאַטליאַר חיים
מאראנאָװסקע מלך

מאָרנאָווסקי חוה

מאריעלווסקי אהרן

מאָזעליש שמואל

קרימשמאַר אברהם

ראָטבלאַט רחל

סיידקער יצחק

לינדערמאַן שמואל

גערצינשטיין שמואל

פטאַכים יוסף חיים

ווינלאר אַלטער משה

פריינקיל זלמן

פערלצווייג יצחק

פערלצווייג אַברהם

עפּעלבוים וועלוועל

פעלדמאַן משה

עפשטיין נחום

טווערסקע אהרן

וויסלאָוויטש הירש

עסמאַן זלמן

וואַרשאָווייער דוד

מייזענבערג מייער

פרעסמאַן משה

צאל זרח

הירמאַן משה

איוויניצקי שעפטעל

דאַנציס וואָלף

גערטיק שמואל

אָרלאָווסקי יהושע

דאָברין אהרן

רודיינקע יצחק הערש

רודיינקע יעקב

רודיינקע יחיאל מיכל

# דער צווייטער פאגראם פון די פעטלור׳צעס

דעם 22טען מערץ, 12 א זייגער בייטאג, האבען די פעטלורצעס מיט ווילדע געשרייען זיך א שליידער געטאן אויף דער שטאדט. זייער ווארט האבען זיי היילינ נעהאלטען, אנפאנגענדיג מיט דעם אידישען צייטונגס-פארקויפער אויף דער גאס. זיי האבען איהם גלייך דער׳הרג׳עט אויפ׳ן ארט.

זיי האבען זיך געלאזט אויף די שוהלען און האבען אויף פארשידענע מורא׳דיגע אופנים אויסגע׳הרג׳עט די אלטיטשקע אידען, וואס זיינען געשטאנען ביים דאווגען. די שטאדט איז פארוואנדעלט געווארען אין א שרעקליך שלאכט-הויז. מיט טויזענט פיינען האט מען געפייניגט די מענער און מיט צוויי טויזענט פיינען האט מען געפייניגט די פרויען. זיי האבען אויך ניט געשאנעוועט קיין קליינע קינדערלאך און גלייך מיט די עלטערען מיט אלערליי מיתות געטויט. די וואס האבען געוואגט זיך צו באהאלטען אין די הייזער האבען דערפאר זעהר טייער באצאהלט. אויף שטיקלאך האט מען זיי דערפאר צעריסען. אלע מאל האבען די באנדיטען ארויסגעפיהרט נייע גרופעס מענשען אויפ׳ן מארק, וואו עס זיינען געשטאנען די כוליגאנעס און נאכדעם ווי מען האט זיך געגוג אנגע׳חוזק׳ט איבער זיי, האט מען זיי צעריסען, צעפליקט.

אויפ׳ן צווייטען טאג פונ׳ם פאגראם האט זיך פעטלורא אליין באווי-

זען אין שטאָדט. מוזיק האָט געשפּיעלט אין אַלע גאַסען. זיין אַנוועזענהייט אין ערמוטיגענדיגע ווערטער „הוליעט, קינדערלאך, אַז מיר וועלען נעה־מען בערדיטשעוו וועט איהר נאָך מעהר הוליען", האָט די סאָלדאַטען אונטערגעגעבען נאָך מעהר חשק... די הריגה האָט זיך אויף דאָס ניי אָנגעהויבען פאַר איהם אין די אויגען. די קערפּערס האָבען זיך געוואַל־גערט אין די גאַסען פאַר הינט און חזירים... אַרום 500 פּערזאָן זיינען אין די פאַר טעג אומגעקומען פון די פּעטלוראַוועצעס.



קרבנות פון פּעטלוראַ'ס צווייטער שחיטה, מערץ, 1919.

אויפ'ן דריטען טאָג פונ'ם פּאָגראָם האָט זיך דערהערט אַ קנאַקען פון

קאַנאַנען. דאָס זיינען ווידער געווען די באָלשעוויקעס. — די חלשות־טראַפּען פון איין פּאַגראָם ביז׳ן צווייטען.

די פּעטלוראַווצעס האָבען זיך אָבער שטאַרק אָנטקעגען געשטעלט. די באָלשעוויקעס האָבען געמוזט אָפּטרעטען. דעמאָלסט האָבען די לעה־רער און גלחים אָנגעהויבען פּרעדיגען אָנטקעגען פּאָגראָמען. נאָר וואָס פאַר אַ ווערטה האָט געקענט האָבען זייער פּרעדיגען, אַז ערשט נעכטען זיינען זיי געווען צווישען די כוליגאַנעס?... און עס האָט טאַקע גאָר־נישט געהאָלפען. דאָס איינציגע שטיקעל גליק איז געווען, וואָס זיי האָבען אַלע געמוזט זיין אויף די פּאָזיציעס. נאָר פון צייט צו צייט ווען מען האָט אייניגע פון זיי געשיקט נאָך עפּעס אין שטאָדט אריין, האָבען זיי דערוויל גע׳הרג׳עט יעדען אידען, וואָס זיי האָבען אָנגעטראָפען. ווען די באָלשעוויקעס זאָלען דעמאָלט נישט געווען זיין הינטער דער שטאָדט, וואָלט מען געווען אויסגע׳הרג׳עט אַלע אידען.

עס איז אַוועק אַריבער אַ וואָך. די הריגות האָבען צו ביסלאַך אויפ־געהערט. עס האָט גענומען גיסען אַ גרויסער רעגען. די וועלט האָט געוויינט און אָפּגעוואַשען דערביי דאָס בלוט פון די קרבנות. אין שטאָדט איז געווען וויסט און פינסטער. אַלע קראָמען — ליידיג, פאַרמאַכט. אַלע הייזער פינסטער. נאָר וואו נישט וואו איז אַ צעשויבערטע פרוי געלאָפען אין רעגען מיט ווילדע געשרייען און געריסען די קליידער. דאָס האָט אַ משוגע׳נע פרוי אודאי געריסען קריעה נאָך איהרע קינדער. אַזוי האָבען אייגענטליך אַלע אידען אויסגעזעהן נאָכ׳ן צווייטען פּאָגראָם... גרויסע פּוהרען האָבען זיך אָנגעהויבען ציהען צום בית־עולם און וויינענ־דיגע רייהען לעבען זיי. הענט און פיס אין קעפּ האָבען זיך באַזונדער געוואָלגערט אויף די וועגענער. ..

אויפ׳ן בית-הקברות זיינען ווידער געשטאַנען די סאָלדאַטען און גוט אַכטונג געגעבען עס זאָל חלילה נישט אימיצער זיך פאַרגינען דעם פאַרגניגען צו געזעגענען זיך מיט אַ טויטען. די קרובים פון די הרוגים האָבען געמוזט אַליין מקבר זיין זייערע אייגענע און די געשרייען פון די פרויען און דאָס זיפצען און וויינען פון די מענער האָט זיך געטראָגען פאַר מיילען אַרום דער שטאָדט...

פעטלוראַ מיט זיין באַנדע איז געבליבען אין שטאָדט ביז דעם 2טען אַפּריל, 1920.

דעם 2טען אַפּריל, דאָן פונקט ערב פסח, האָבען די פעטלוראַווצעס ווידער געמוזט מאַכען פליטה נעבעך. די באָלשעוויקעס זיינען געשטאַנען הינטער דער שטאָדט. יעדער שאָס פון זייערע קאַנאָנען האָט דערוועקט אין די אידען אַ נייע שטיקעל האָפנונג. ענדליך זיינען די פעטלוראַווצעס אַנטרונען געוואָרען, די איינוואוינער פון שטאָדט האָבען זיך געמוזט באַהאַלטען אין די קעלערס. אייניגע מענשען זיינען געשאָסען געוואָרען פון די קאַנאָנען, נאָר וואָס פאַר די גוים איז געווען אַן אומגליק איז פאַר די אידען געווען אַ גליק. זיי זיינען שוין געווען צופריעדען מיט די עטליכע קרבנות זייערע, האָפענדיג אַז די וועלען זיין די לעצטע. און אויך צופרידען זיינען זיי געווען מיט דעם, וואָס די קינדער, וועלכע זיינען אַנטלאָפען קיין בערדיטשעוו, וועלען זיך קענען צוריק אַהיים אומקעהרען.

נאָך אַ שווערער שלאַכט זיינען אין שטאָדט אַריין די באָלשעוויקעס. מיט זיי טאַקע האָבען זיך צוריקגעקעהרט די פיעלע אַנטלאָפענע. דאָ האָבען זיך אָנגעהויבען נייע יאָמערען און קלאָגען, ווייל די צוריקגעקערטענע האָבען ערשט דערזעהן וואָר עס פעהלט זיי. און געפעהלט האָט

אין יעדען הויז. אזוי האָבען מיר אידען אין זשיטאָמיר אָפּגעריכט די סדרים פון אונזער יום-טוב פון באפרייאונג !...

אין גאָר אַ קורצער צייט האָבען די באָלשעוויקעס געמאכט אַ פאָל-שטענדיגע אָרדנונג אין שטאָדט, נאָך זייער פראָגראם פאר שטעהט זיך.

דאָ האָט זיך אָנגעהויבען אריינגנב'ענען דער פריהלינג אין שטאָדט אריין, דער פריהלינג, וואָס לאָזט זיך נישט שטערען פון אונזערע ליידען. די נאַקעטע בוימעלאך פארשעהמען זיך אין דער ליכטיגקייט פון דער פריהלינג-זוהן און הויבען אָן אָרויפציהען זייערע גרינע מלבושים אויף זיך. אויך די ערד כאַפּט שנעל אָרויף אויף זיך די גרינע דעקע, וואָס דער ווינטער האָט אזוי חוצפה'דיג אָרונטערגעריסען. פויגעלאך באזינגען די ניי-געבוירענע אומשולד. אין דעם הארצען פונ'ם צעבראָכע-נעם יונגען אידען גנב'עט זיך אריין די יונגענקע פריהלינג-האָפנונג. און עס ווילט זיך לעבען, לעבען און דערלעבען. די פארשטאָרבענע ווערען ביסלאכווייז פארגעסען. און נאָר די אידישע מעלאנכאָלישע מאַמע פארגעסט נישט איהרע קינדער. אזוי געהט זי טאָג נאָך טאָג צום בית-עולם מיט געבויגענעם קאָפּ און פארזונקענע אויגען אַנצוקוקען ווי עס הויבען אָן צו גרינען די קברים פון איהרע דער'הרג'עטע קינדערלאך...

די באָלשעוויקעם זיינען געווען אין שטאָדט ביז דעם 14טען אויגוסט. אין זייער צייט איז אין שטאָדט געווען זעהר רוהיג און קיינע געוואַלד־טאַטען זיינען נישט געשעהן. נאָר פּלוצים זיינען די באָלשעוויקעם דעם 19טען אויגוסט פון העלער הויט נישט געבליבען אין שטאָדט.

דאָס מאָל איז אַרומגעגאַנגען אַ קלאַנג אַז אַ פּוילישע מאַכט קומט אין שטאָדט אַריין. אַרויסגעוויזען האָט זיך אָבער, אַז אין שטאָדט איז אַריין אַ שפּאָגעל נייע רעגירונג „גאַליציאַנער“. די אידען האָבען זיי זעהר שעהן מקבל פנים געווען און אויך זיי האָבען זיך צו די אידען פריינדליך באַנומען.

צוויי טעג איז געווען שטיל. דערנאָך האָבען די שטאָדטיגע כוליגאַ־נעס זיך שטאַרק פאַרבענקט נאָך אידיש בלוט און האָבען אַנגעהויבען אַן אַגיטאַציע פאַר אַ נייעם פּאָגראָם. זונטאָג זיינען זיך אַלע אַרומיגע גוים צונויפגעפאָהרען מיט גרויסע פוהרען אויף אָוועקצופיהרען דאָס אַנגעראַבעוועטע, וואָס זיי האָבען געהאָפט צו קריגען פון די כוליגאַנעס. מען איז צו דער רעגירונג געגאַנגען בעטען ערלויבניש דאַרויף. האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזען, אַז דאָס מאָל האָבען זיי נעבעך געמוזט בלייבען ענטוישט און נישט נאָר האָבען זיי זיך אומגעקעהרט אָהן רויב, נאָר מען האָט נאָך ביי זיי צוגענומען דאָס געוועהר. פאַר די „גאַליציאַנער“ האָט זיך געלעבט גאַנץ רוהיג און שטיל. נאָר לאַנג האָבען זיי נישט געוועלטיגט, און דעם 18טען סעפּטעמבער, 1919, זיינען צוריק אַריין די באָלשעוויקעם.



# רשימה פון די קרבנות

---

## 2טער פּאָגראָם פון דעם 23טען ביז דעם 26טען מערץ, 1919

| | |
|---|---|
| אווירוך משה | באַדיאַן אפרים |
| אַרינאָוויטש שמואל | באַדיאַן לוי יצחק |
| אַרינאָוויטש אַברהם אַבּא | בערקאָן שמואל אַבּא |
| אַפּאַטאָוו דאָבע | באַראָן בת־שבע — מוטער |
| אייזמאַן יודעל | באַראָן סיני — טאָכטער |
| אַקסעלראָד אַברהם | בעזפּריזאַוויניע יעקב |
| אייזענבערג פייגע | בעזפּריזאַוויניע דבורה |
| בּראַווערמאַן דוד | בעזפּריזאַוויניע בּרוך |
| פּיקאָווסקע יעקב | בעזבאָקע מרדכי |
| בּאַראַטינסקי מאָניש | בעזבאָקע לייזער |
| בּייגעל אהרן | באַקאַלייניק ישראל |

בלאָוושטיין דוד

בעקאַר ראַכיל

בעקאַר עטיל

בעקאַר פּרץ

בעקאַר לייב — אַ פאַמיליע

באילאסני עזרא

באליאסני בן־ציון

באַראָן יוסף

ביק לאָה

ביק שלמה

בראָמבערג ישכר בער

בעזנאָסע זיסעל

בריסילעווסקע שמואל

בראָדיצקי שלום

וועקזאַלץ גרשון

וויינמאַן פּנחס

וויינמאַן מנשה

וועקסמאַן משה

וואַלדמאַן אסתּר

וואַלדמאַן לייב

וואַליקס אַברהם

ווישנעפּאָלסקי מאַניש

וויינטרויב יצחק

וויינשטיין מייער

וועקסעלמאַן שמואל לייב

וועקסעלמאַן נפתּלי

וועקסעלמאַן יחזקאל

וועקסעלמאַן חוה

וואלאשין חיים

וואַקס אליה

גאָלדמאַן יהודה לייב

גאָלדינבערג שלמה

קארטשיצער פּנחס

קינים אַברהם זעליג

| | |
|---|---|
| בך משה | קראַוועאָו ברוך יוסף |
| בך ברכה | קראַוועאָו חיה |
| בך שלום | קראַוועאָו חוה |
| קרייזמאַן דוד | קאַמינער יעקב |
| קאַשטינסקי מרדכי | קראָטשינסקי שמאי |
| קרייזמאַן דוד | ליאַבערסקי יצחק |
| קאַלמאַן לייזער | לייבמאַן לייזער |
| קיינדע משה יצחק | לעביינין באַסי |
| קריטשמאַן פיוויש | לעגזאַלץ גרשון וואָלף |
| קאלמאַן ברוך בנציון | לערנער בן־ציון |
| קאָרין יעקב | לערמאַן ישראל |
| קאַרפעלמאַן יוסף | ליאבמשיצער משה |
| קאסטאוועצקי אליהו | לעווין אַברהם |
| קריסטאָל אברהם שלמה | לעקאַך־בעקער ישראל הערש |
| קאליקע משה | לעוויצקאַיאַ חנה לאה |
| קראַווצאָו גרשון | לעוויצקאַיאַ באַסי |
| קראַווצאָו ראובן | לערנער בנימין |

לענדערמאַן יצחק

לאַנדע פּנחס

לערמאַן יהושע מייער

ליפשיץ בנימין

מאזיר יצחק בער

מיכייניק אַברהם

מערדוועטינקע עטעל

מאַץ פּנחס

מאַץ אברהם

מאַץ צאַלי

מאַץ טויבע

מאַץ שיינדעל — אַ פאַמיליע

מייזינבערג רחל

מייערסאָן מייער

מיסאָנזשניק לייב

מיסאָנזשניק הענעך

מיסאָנזשניק אַברהם

מאַרגאָלים מרים

מאַרגאָלים אפרים

ראַפּאַפּאָרט איטאַ

ראָזענשטיין חיים

ראַזאָווסקי משה

ראָגאָוואָי יודעל

ראָגאָוואָי ישראל

ראָכוואָרג שאָפּס

ראַבּינאָוויטש וויכנע

ראַבּינאָוויטש וואָלף

ראוייש מאָניש

רודזינסקי יונה

ראָזענבלאַט אפרים

ריזשעווסקי אפרים

ראַדאָמילסקי שלמה

רייך משה

ראָזאָווסקי שרה

| | |
|---|---|
| ראָזענבערג טודרוס | טאַשאַקאָווסקי טויבע רחל |
| ראָטענבערג יעקב | טעסלער משה מענדעל |
| סמאָליאַר יעקב | טאַרטשינסקי ישעיה |
| סמאָליאַר יצחק | אושאַמירסקי יעקב |
| סאָבאָלעווסקי פנחס | פעלדמאַן יעקב |
| סטאַוועצקי יוסף | פעלדמאַן קלמן — זיין זוהן |
| סוסליק איסר | פערשטער אַברהם |
| סעגאל רייצי | פרומער הערש וואָלף |
| סעגאַל ראובן | פרידמאַן יצחק |
| סטאַראָבינסקי נאָטע | פירשנייט יצחק |
| סטאַראָבינסקי יצחק | פלייטמאַן זיידעל |
| סידעלמאַן יהודה לייב | פאַרבער יהושע |
| טעטעלמאַן חנה | פישמאַן משה |
| טעטעלמאַן ישראל מרדכי | פילצער יהודה לייב |
| טוועב יוסף | פרידלאַנדר יצחק |
| טוועב רבקה | פישמאַן יעקב ישראל |
| טאַבאַטשניק אַברהם | פלייטמאַן יצחק דוד |

פרידמאַן אַברהם

האדעראָף מרדכי

האדעראָף גיטעל

קאָדירקער יחזקאל

האַזאַנאָוויטש מרדכי

האַזאַנאָוויטש חיים

גאָלדמאַן אַלטער

גלאָזמאַן מאָניש

גלאזמאן אברהם

גאָלאָווינסקי מרדכי

גראָזינסקי בערקע

גערשטיין אַריה

גוטמאַן בעקי

לאָזיר נאזמאַן

גאָלדפעלד טויבע

גאָלדפעלד שמעון

גערזאָן יצחק

גלאזמאַן אַברהם

גיוועננטיל ישראל יוסף

גאָלדינבערג לייזער

מאַלפעריין ברוך

גוטמאַן משה לייביש

גאָלדינבערג ריסעל

גאָלדינבערג אהרן

גוטמאַן מרים

געטרייער לייזער

געפט שעוויל

גענדילמאַן מרדכי

גענדילמאַן יעקב

גענדילמאַן שמעון

גאָריוויץ יהושע

געלבאַרג חאַסי

גייבערגריץ נחמן

גאָטמאַן שלמה

| | |
|---|---|
| גאָטליב יצחק | איטקיס בנימין |
| גאָלדפעלד יעטע | אידיישקין חיים |
| געלשטיין אַברהם | קראסיק גערש |
| דאָרפמאַן מרדכי | קאַמיניר זינדע |
| דאָרפמאַן ציטלין | קאַמיניר יוסף |
| טראַבאָווע אייזיק לייב | כ״ץ רבקה |
| ראָב שלמה | קריינטבייוועל משה |
| דאָב זייוויל | קאריסטישעווסקי משה זעליג |
| דייען חנה | קאַגאַן יעקב |
| דריישפאַן אַברהם | מאָלטיק לייזער |
| דריישפאַן זלמן גערש | מאָלטיק מרדכי |
| דעכטיאַר לייב | מיידיק עזרא |
| זעגעלמאַן בערקע | מעטכיק משה |
| זאַקס ליבע — מוטער | מייערסאָן בנימין |
| זאַקס גרשון — זוהן | מיטניץ ישראל |
| זיידענוואַרג שמואל | מלמד מנחם |
| זאָלאָטאָווסקע מרדכי לייב | מאריין חיים |

מאזליש אסתר
מיטניק פסח
מייזערבערג יהושע
מאַרגאָלים יהושע
מאלקים אברהם
מאַנדעלוויים דוד
מירטשעוויקע אַברהם
נאַראַריצקע ברוך
נאָוואַק אליהו
כחשון משה
נאָדעלמאַן צירעל
נאָדעלמאַן ליפשע
נעכטען שמואל
נעמיראָווסקאַיאַ איטע
נים אַברהם
אָווריק משה
פערמאַן ישעיה מייער

פיסנייוו יהודה
פרעסמאַן יוסף
פייסטרינאָף אהרן
פּאָראָלסקאַיאַ לייב
פּאָראָלסקאַיאַ אסתר
פּאָראָלסקאַיאַ גענע
פּאָראָלסקאַיאַ משה
פּאָראָלסקאַיאַ יצחק אייזיק
פּאָראָלסקאַיאַ שרה דבורה
פרעסמאַן אַברהם
פרעסמאַן אליהו
פארטניי בנימין
פּאָרטניי משה
פאלינווא וואָלף
פיוואָוואַר יהושע
פּאָליאַקאָוו ניסן
פּאָליאַקאָוו לייב

פאָליאַקאָוו יהושע שלמה

פינקעלשטיין משה

פיקער וואָלף

פרילוין יחזקאל

פאַצאַן אהרן חיים

רייפעל חיים

ראָזענבלאַט מאיר

רייגאָראָדעצקי הערש

ראָזענבוים מרדכי

ראָזענבאַום יצחק

ראַפּאָפּאָרט קלמן

ראַפּאָפּאָרט חיה פייגע (פרוי)

חיקער בערל

חאָסירמאַן אלקנה

חיימזאָן פסח

חפץ אַברהם

חפץ הערש

חירמאַן שמעון

חאָלאָדענקאָ נחום

חאסים שלמה

ציפּיניוק ישראל

ציפּוירוחא שמעון

צ״בולסקי ברוך פנחס

טשעסקים מרדכי

טשערקאַסקי קיים

טשערקאַסקי שמעון

טשערקאַסקי בערל — אַ פאַמיליע

טשופּאָוועצקי שלמה

שוואַרצמאַן גדליה

שוואַרצמאַן שמחה

שאַמיס בעבע

שאַפּירא אברהם הערש

שוכער נאָטע

שעכטמאַן יוסף

שפיגעל באַסיאַ

שיינים בערל

שינסקי חיים

שער אַברהם

שטוטמאַן הערש

שולמאַן משה

שטיינער שלום

שאַץ מרים

שלייפשטיין שמחה

שטולמאַכער גיטעל

שניידער שלמה

שניידער בערל

שאַר יצחק שמואל

שרייבמאַן חיים

שולמאַן יצחק הערש

שוואַרצבורד משה

שלאָסבערג שלמה

שלאָסבערג בערל

שמעדריק נחום אהרן

שליאַפּאָטשניק שמחה

עלגאָרט גארעל

עפשטיין יוסף

עפשטיין לייב

עפשטיין מרדכי

עפשטיין שלמה

עלגארט פישעל

עלגארט אַברהם

עלבערט פייוויש בער

יפה בערל

יפה משה — פאַמיליע

יאַמפּאָלסקי הערצעל

# די שוידערליכע טיפוס-עפידעמיע

---

די „גאליציאנער" האבען אבער דערפאר איבערגעלאזט א ביטערען אנדענקען: א שוידערליכע טיפוס־עפידעמיע.

ווען דער ווינטער איז אנגעקומען האט די דאזיגע עפידעמיע זיך גענומען זעהר שנעל פארשפרייטען און אין א קורצער צייט איז זי שוין געוועזן איבער גאנץ זשיטאמיר.

מענשען זיינען אומגעקומען פון הונגער און קעלט, אבער פונ'ם טיפוס זיינען טויזענטער, ממש טויזענטער איינוואוינער ווי פליגען געפאלען. „אין בית אשר אין שם מת" — וואו א הויז — דארט א בר־מינן, און יעדען טאג זיינען אנדערע נייע געשטארבענע צוגעקומען. טויטע־טויטע אין אלע גאסען און געסלאך.

איין טרייסט איז נאר געוועזן: דאס, וואס א מענש שטארבט מיט'ן אייגענעם, כאטש פריהען, טויט און ניט מיט א מיתה משונה...

מען דארף הונדערטער צום בית־עולם פיהרען... אבער ווי אזוי? — צו דינגען פוהרען דארף מען האבען א שלל מיט געלט און דא איז אייזיג, שנייאיג, גליטשיג...

האט מען גענומען די קליינע קינדערשע שליטעלאך און איינציגווייז,

„אוועקגעשליטעלט" די טויטע צום בית־עולם. דאַ האָט מען געקענט זעהן ווי אַ זוהן פיהרט אין אַ שליטעלע זיין טאַטען, די טויטע פיס שלעפען זיך פון שליטעלע נאָך אין שניי און דער זוהן פיהרט און פיהרט... פון אַן אַנדער זייט קומט אָן אַ מאַמע: זי פיהרט אויף אַ שליטעלע איהר יונגע טאָכטער — — און אַזוי פון אַלע זייטען. דאָס איז געווען די שוי־דערהאַפטעסטע סצענע — דאָס בלוט האָט אויך ביי די לעבעדיגע פון גרויסען אומגליק גליווערען גענומען...

די טויטע האָט מען אַנגעלעגט אויפ'ן בית־עולם און די רעגירונג האָט זיי באַגראָבען. זיי האָבען אויסגעגראָבען גרויסע, „ברידערליכע" קברים און אַריינגעלעגט עטליכע מענשען אין איין קבר.

די רעגירונג האָט געטאָן אַלץ וואָס זי האָט נאָר געקענט טאָן. עס איז באַשאַפען געוואָרען אַ שפּיטאַל־קאַסע, דאָקטוירים און מעדיצין האָט מען געשיקט צו יעדען קראַנקען אומזיסט, וויפיעל מען האָט נאָר געהאָט. דאָס האָט אָבער ווייניג געהאָלפען, ווייל די עפּידעמיע איז געווען שרעק־ליך פאַרשפּרייט, און די צאָהל פון טויטע האָט אַלץ געוואַקסען.

אַזוי אַ גאַנצען ווינטער. ערשט אין אָנהויב פון פריהלינג איז עטוואָס גרינגער געוואָרען.

דאַ אָבער האָט זיך ווידער אָנגערוקט די פינסטערע פּאָגראָם־כמאַרע. אונזערע גוטע מלאָכים, די באָלשעוויקעס, זיינען דעם 26טען אַפּריל, 1920, ווידער אַוועק פון שטאָדט און עס זיינען אַריין די פּאָליאַקען. ווי גרויסאַרטיג מען האָט זיי באַגעגענט! פון אַלע זייטען האָבען בלומען אויף זיי זיך געשיט. די באַגעגעניש איז געווען אַ יובעלדיגע.

פונקט צוויי טעג איז געווען שטיל, פיין, און דערנאָך האָבען זיך

אָנגעהויבען פלינדערייען, רויבערייען. דערצו האָבען די „פּראָשע פּאַניעס" געוואָלט, אַז אַ איד זאָל פאַרבייגעהענדיג פאַר אַ פּאָליאַק אַראָפּנעהמען דאָס היטעל און זיך פאַרנייגען. שפּעטערצו האָבען זיי נאָך אַ שעהנערע שפּיעל צוגעטראַכט: רייסען בערד. אויף אַלץ איז געווען „פּשאַ־קרעוו־זשידזי", באַליידיגונגען גאַר אָהן אַ סוף.

די שליאַכטע האָט אין זשיטאָמיר געוועלטיגט ביז דעם 7טען יוני, 1920, און געלעבט האָט זיך פאַר זיי שרעקליך שלעכט. די פאַרפאָלגונגען זיינען געווען אונערטרעגליך.

דעם 7טען יוני האָבען זיך די פּאָליאַקען אין גרויסער אונאָרדנונג אָפּגעטראָגען פון שטאָדט. אין אָווענט איז אַריין בודענני מיט זיין חיל. בודענני איז דער גענעראַל געווען פון דער ערשטער, רויטער קאַוואַליע־ריסקער אַרמיי. בודענני'ס סאָלדאַטען זיינען אַריין אין שטאָדט, צעראַ־בעוועט אַלע פּוילישע מאַגאַזינען און צוריק אַוועק. די סאָלדאַטען האָבען בלויז געדאַרפט צעברעכען די פראָנטען. אין דער פריה איז שוין קיינער פון זיי אין שטאָדט ניט געווען.



# דער דריטער פוילישער פאגראם

---

אויפ׳ן דריטען טאָג האָבען צוריק זיך אָנגעהויבען יאַווען גרופּעס פוילישע סאָלדאַטען. און ווידער הויבט זיך אָן דער פּאָגראָם. אָבער דער פּאָגראָם איז געווען פון אַ נייעם כאַראַקטער. ביי פּעטלורא׳ן האָט גע׳הרג׳עט איטליכער וועמען עס האָט זיך נאָר געגלוסט. דאָ ביי די פּאָליאַקען איז עס צוגעגאַנגען מיט אַ סיסטעם. דאָ האָבען גע׳הרג׳עט נאָר אָפיצערען און סאָלדאַטען. דעם פשוט׳ען „בשר ודם“, דעם איינפאַכען גוי, האָט מען דערצו נישט צוגעלאָזט.. זיי זיינען געגאַנגען איבער די הייזער, האָבען צוזאַמען גענומען יונגע לייט און האָבען זיי אַוועקגעפיהרט כלומר׳שט צום קאָמענדאַנט, אין אמת׳ען האָט מען זיי פאַרשלעפּט אין באַהאַלטענע פּלעצער און זיי אויסגע׳הרג׳עט אויף אַכזריות׳דיגע אופנים. אַזוי האָבען זיי צוויי טעג געהרג׳עט און דערנאָך באַשלאָסען אָנצוצינדען אַלע אידישע הייזער.

אַזוי איז עס טאַקע געווען. דאָס ערשטע האָבען זיי אונטערגעצונדען קונעכאוסקי׳ס הויף אויף דער קאַפּעדראַלנער גאַס, אין וועלכער עס האָבען געוואוינט אַ סך אידען. דאָס הויז האָט זיך אָנגעכאַפּט פון אַלע זייטען און דאָס פייער האָט זיך געזעהן פאַר אייניגע ווערסט. ראַטעווען זיך האָט מען נישט געקענט, ווייל די אָפיצערען און סאָלדאַטען האָבען אַרומגערינגעלט דאָס הויז. אין אַ פאַל וואו אַן אַלטער טאַטע



קרבנות פון פוילישען פאגראם.

מיט זיין זוהן א סטודענט האבען זיך געוואלט ראטעווען דורך א זייטיגען אריינגאנג, האט מען זיי באמערקט און גלייך גע׳הרג׳עט. א פרוי האט געוואלט ראטעווען איהר קינד און ווען זי האט פון באלקאן גענומען דאס קינד אראפווארפען צום דווארניק פון הויף, האט מען דעם דווארניק גע׳הרג׳עט, כאטש ער איז א קריסט, דערפאר וואס ער האט געוואלט ראטעווען א אידיש קינד...

דינאמיט און בענזין איז שוין אויך געלעגען ביי פיעלע, פיעלע אידי־שע הייזער, נאר דא האט זיך, ווי אלע מאל, אין דער ערגסטער מינוט באוויזען דער מלאך הגואל, די באלשעוויקעס: די קאנאנען האבען גע־קנאקט און די פאליאקען האבען געכאפט לויפען אין מיטען דער הייליגער ארבייט. אין גאר א קורצער צייט זיינען אריין די באלשעוויקעס. באלד האבען די סאלדאטען צוזאמען מיט די אידען זיך געכאפט אויסלעשען די פייערען. דאס איבערגעבליבענע ביסעל אידען איז ארויסגעקראכען פון זייערע באהעלטענישען. פונ׳ם אפגעברענטען הויז האט מען ארויס־

געשלעפּט איינעם אַזאַ צעברענטען אַז אַלע סאָלדאַטען האָבען אָראָפּ־געלאָזט די קעפּ און זיך צעוויינט. פון די אידען איז שוין אָפּגערעדט.



קרבנות פון פּוילישען פּאָגראָם.

יעדער האָט באַוויינט זיין אומגליק. און דערנאָך האָט מען זיך גענומען אָפּזוכען די גע׳הרגעטע. מען האָט זיי געפונען אין פאַרשידענע פּלעצער, נאָר דער גרעסטער טייל איז געווען אין דער „באָינע״, דאָרט וואו מען האָט גע׳הרג׳עט חזירים. אַ סך אומגליקליכע האָט מען דאָרט געפונען אָהן אויגען, אָהן ציינער, אָהן אַ צונג. מען האָט זיי גרופּענוויין אין דער באָינע פאַרפיהרט און גע׳הרג׳עט!

אזוי האָבען גע׳הרג׳עט די אָדעליגע פּאַליאַקען!

שפעטער מיט עטליכע טעג האָט מען מקבר געווען די טויטע. א שווארצער טרויער איז פארשפרייט געווען איבער גאַנץ זשיטאָמיר!

די באָלשעוויסטישע רעגירונג האָט ווידער איינגעפיהרט איהר פאָ־ריאַדאָק און די אידען זיינען זיכער געוואָרען כאָטש מיט'ן לעבען.

דעם 15טען סעפטעמבער, 1920, האָב איך פאַרלאָזט די שטאָדט אונטער דער באָלשעוויסטישער רעגירונג.



# רשימה פון די קרבנות

## 3טער פּאָגראָם פון 10טען יוני ביז דעם 13טען יוני, 1920

(אנגעפיהרט פון דער פּוילישער אַרמיי)

בערנשטיין יוסף

בירבערג שמואל (געפונען אַרוים-
געריסען די צייהן)

בערדיטשעווסקי יהושע

ווינשטיין אַברהם

וייסמאַן אפרים

וייסמאַן יוסף

וייצעל ברוך

ווילענסקי ליפּא

האוגין משנה

ווינשטיין מיכל

גיוועטעל יוסף

גוראַטניק נחום
(געפונען אָהן אויגען)

גאָרענשטיין הערש

גאָלדענבערג מרדכי

גלאָזמאַן אייזיק

גלאָזמאַן פּנחס

גלאָזמאַן ישעיה

דאָירעס יצחק

דילגאטש אפרים

זינדער אייזער

אַ אינגעל, נאָמען אומבאַוואוסט
געפונען אין גאַס

קאָטליאַר יוסף

קאָטיק דוד

קאגאן שבנא

רייזמאַן שלמה

לעווין ישראל

נערוש נפתלי

נאראדיצקי בנימין

האָפּענגענדען אברהם

פּאָרטנאָי נתן

פּאָרטנאָי דארימאל

זילבער (פאַרברענט געוואָרען
אין קאָניכאָווסקי׳ס מויער)

רייפעל ישראל

רייפעל בן־ציון

פרידמאַן פסח

פּיסגייער ברוך

פיינזילבער פאָטער און זוהן

שינדעל יעקב

שינדעל גדליה

שינדעל אליהו — ברידער

שוואַרצער אליהו

עפּעלבוים וואָלף



# יזכור אלהים את נשמת...

(אַ־הזכרה פון אהרן פיליפּס (רודענקאַ) נאָך זיין אומגעקומענעם פאָטער און צוויי ברידער).

---

דעם אנדענקען פון מיין פאָטער, יצחק צבי בן שמואל אבא רודענקאַ, 54 יאָהר אַלט, פון מיין ברודער יעקב, 24 יאָהר אַלט, און פון מיין ברודער יחיאל מיכל, 18 יאָהר אַלט.

זאָל זייער נאָמען דערמאָנט ווערען צוזאַמען מיט די אידישע מאַר־טירער.

ט׳ שבט, תרע״ט, זיינען זיי אין זשיטאָמיר דערשאָסען געוואָרען פון בלוטדורשטיגע חיות בצלם אָדם.

וואָס קען איך, אַ זוהן און אַ ברודער, נאָכזאָגען ביים קבר פון מיין פאָטער און ברידער, וואָס זיינען מיט אַזאַ גרויזאַמען טויט אומגעקומען? וואָס פאַר אַ ווערטער פון צער קען איך אויסדריקען? וואָס פאַר אַ שבחים קען איך זיי, הייליגע, נאָכזאָגען איצט?

אַז דאָס הארץ איז מיר נאָך אַלץ צעטויפגעקלעמט, אַז איך האָב נאָך אַלץ קיין ווערטער ניט מיין אומגליק אויסצומאָלען.

ווען איך בלויז עטליכע איינפאכע ווערטער זאגען — ווערטער פון מיין וועהטאגדיגען הארצען..

טייערער פאטער מיינער! ריין און עהרליך איז דיין הארץ געווען; באליעבט סיי ביי אידען סיי ביי ניט אידען; אלעמאל ענערגיש, יונג, טעטיג; איש ענו היה; קיינמאל קיינעם ניט אנגעריהרט; זיך אלע־מאל קלענער פאר׳ן צווייטען געהאלטען — א ליעבער, גוטער מענש — —




איז דיין בלוט, דיין אומשולדיג בלוט, פון א רוצח׳ישער האנט פאר־גאסען געווארען — — —

ווען איך, דיין זוהן, דיך מיט מורא און עהרפורכט אייביג געדענ־קען — יזכור את נשמת אבי שנהרג על קדוש השם...

מיין טייערער ברודער יעקב !

בלויז פיער און צוואנציג יאהר האסטו אויף דער וועלט געלעבט, בלויז אזוי ווייניג געלעבט און געשטארבען אויף אזא אכזריות'דיגען אופן.

דו, ברודער מיינער, מיטין גוטען הארץ ! ווייניג זיך געלאזט באטער-קען און דאך פיעל באמערקט געווארען.

זיין איבערגעבענהייט צו מענשען, דערהויפט צום ארימען קלאס, האט גאר קיין גרענייץ ניט געהאט.

אין דער צייט ווען דער פאגראם האט אויסגעבראכען האט ער פיעל מאל זיין אייגען לעבען אין סכנה געשטעלט צו ראטעווען א צווייטענס לעבען. ער האט זיך פאר קיין זאך ניט אפגעשטעלט, איז אין סאמע פייער געקראכען, אבי עפעס איפצוטאן.

איז ער א קרבן געפאלען !

מיט טרויער און באוואונדערונג וועל איך דיך, ברודער מיינער, אייביג געדענקען !

מיין טייערער ברודער מיכעלע!

ווי בלוטיגט מיין הארץ פאר דיר! האסט נאר וואס אויף דיין לעבענס-וועג געהן גענומען און שוין האט דיך דער אידישער מארטירער-מזל אנגעטראפען! האסט אין דיין אייגען הארץ אזוי פיעל גוטס פאר אלע ליידענדיגע געטראגען און ביסט אין מיטען פון דיין פאנאנדער-בליהען זיך, ווי א זאנג, פארשניטען געווארען...

צווישען די הונדערטער זשיטאמירער קדושים האסטו אויך דיין קבר געפונען...

זאל אייער אנדענקען, טאטע מיינער, ברידער מיינע, אין דער אייביג-קייט דערמאנט ווערן: יזכור...

# א פאר ווערטער וועגן איניגע קדושים

מיר, די ארויסגעבער פון דעם דאזיגען יזכור־בוך, האבען זעהר געוואלט מעהרערע פרטים דערגעהן וועגען דעם לעבען פון יעדען אומגע־קומענעם אין די זשיטאמירער פאגראמען. דאס האט זיך אונז אבער ניט איינגעגעבען. אבער דאס וואס מיר ווייסען יע וועגען מאנכע געצעהלטע וועלען מיר דא איבערגעבען.

## אלטער משה ווינלאר ע״ה

ער איז דערשאסען געווארען פון פעטלורא׳ס באנדעס ט׳ שבט, תרע״ט.

געווען זעהר א פאפולערע פערזאן אין זשיטאמיר, דערהויפט אין דעם דיסטריקט, וואו ער האט געוואוינט. א רוהיגער, שטילער בעל־הבית. געווען אליעבט פון גאר פיעלע פיעלע מענשען, וועמען ער האט אפט גייסטיג און מאטעריעל געשטיצט.

ווען ער איז אומגעקומען איז ער געווען קרוב צו 60 יאהר אלט. תנצב״ה.



## יחזקאל פריווען, ע״ה

א בעל־הבית, א מעהל־סוחר. געטאָן פיעל גוטע זאכען אין קהל׳ישען לעבען. געאַכט פון זיינע פריינט און באַקאַנטע. גע׳הרג׳עט געוואָרען אויף אַן אכזריות׳דיגען אופן.



## משה נחשון, ע״ה

א געשעפטסמאן. אומגעקומען אויף אן אכזריות׳דיגען אופן אין דעם צווייטען פאגראם.





## אפרים און זיין פרוי מרים מארגולים ע״ה.

סאַן און פרוי אין די 60־ער יאָהרען. זייער הויז — באַקאַנט אַלס אַ פיינע אינטעליגענטע פאַמיליע. געאַרבייט שווער אין די פריהערדיגע יאָהרען פאַר זייער מאַטעריעלען לעבען, דורכגעמאַכט פיעלע שלעכטע טעג אין זייער לעבען.

און צום סוף: דער׳הרג׳עט געוואָרען אין דעם צווייטען פאָגראָם דורך פעטלוראַ׳ס באַנדעס.

דאָס איז געשעהן כ״א אדר, תרע״ט. פריהער האָט מען זיי באַרויבט, אַלץ פון הויז און אויך זייערע קליידער צוגענומען און דערנאָך: דער־שאָסען.

זאָל זייער אנדענקען אייביג דערמאָנט ווערען.



## בן־ציון לערנער, ע״ה

א זשיטאמירער בעל־הבית.

באוואוסט אונטער׳ן נאמען: „בענצע רייזע סענדערס״. ער איז געווען א געלערנטער איד, א ציוניסט, טעטיג אין קהל׳שע ענינים.

בעת דעם צווייטען פאגראם פון פעטלורא׳ס באנדעס האט אויס־געבראכען, איז ער געלאפען צו א באקאנטער משפחה אנזאגען די בייזע בשורה און צו הייסען אויפזוכען און באהאלטען די קינדער.

אויפ׳ן וועג אבער האבען איהם באגעגענט עטליכע בוליגאנעס און זיי האבען איהם גלייך דער׳הרג׳עט. תנצב״ה.



## ישראל הערש קאַשטינסקי

געה׳רג׳עט געוואָרען אין דעם צווייטען פּאָגראָם פון פּעטלוראַ׳ס באַנדעס.

געווען אַ געאַכטער בעל־הבית. אַ זשיטאָמירער פון לאַנגע יאָהרען.

האָט געפונען זיין קבר צווישען די קברים פון די הונדערטער אומ־געקומענע אין דער פּאַראומגליקטער זשיטאָמיר!

עהרע זייער אַלעמענס אַנדענקען!

ת נ צ ב " ה.

## טוביה וואַקס ע״ה

אומגעקומען אין דעם זעלביגען שווארצען טאָג, ט׳ שבט, תרע״ט. איז געווען 45 יאָהר אַלט. אַ פאָטער פון 7 קינדער. איז געווען אַ שטי־לער איבערגעגעבענער פאַמיליען־מענש — האָט זיך אייביג שטיל און עהרליך געפלאָגט צו ערנעהרען זיין פאַמיליע ביז —

ביז ער איז גע׳הרגעט געוואָרען פון אַ פאָגראָמשטשיק, און האָט געפונען זיין קבר צווישען די הונדערטער זשיטאָמירער קדושים.

עהרע זיין אַנדענקען!

---

## אהרן טווערסקי, ע״ה

אַ באַוואוסטע, אַנגעזעהענע פערזאָן אין זשיטאָמיר. א. טווערסקי האָט געשטאַמט פון דער רביי׳שער באַריהמטער טווערסקי־משפחה; אליין אַ זוהן פון דעם קארישטשאַווער רבי׳ן.

געווען אַ איד אַ מלומד בתורה, דערצו נאָך אינטעליגענט און וועלט־ליך געלערנט.

ער איז גע׳הרג׳עט געוואָרען אין ערשטען פעטלורא׳ס פאָגראָם. די כוליגאַנעס האָבען איהם דערשלאָגען אויף טויט ווען ער איז געווען ביים דאַווענען, אַנגעטאָן אין טלית און תפילין.

תנצב״ה.

## שעפטעל איוואניצקי ע״ה

אינטעליגענטער, מוטיגער, באוואוסטזיניגער איד. געווען א מיט־גליעד פון דער פועלי־ציון פארטיי.

אין יאהר 1905 איז ער געווען א מיטגליעד פון דעם דאמאלסדיגען זעלבסטשוץ. האט צוזאמען מיט די אנדערע חברים זיין לעבען אין גרויס סכנה געשטעלט, כדי אפצוהיטען דעם אידישען כבוד, צו שיצען אידישע לעבענס און אידיש האב־און־גוטס.

אזוי זיינען אוועק עטליכע יאהר. ש. איוואניצקי האט געלעבט אין זשיטאמיר און ווייטער געווען טעטיג אין געזעלשאפטליכע ענינים.

איז אבער דעם מוטיגען איוואניצקי׳ן ניט באשערט געווען אפצולעבען זיינע יאהרען. זיינען יאהרען אוועק, זיינען נייע טעג געקומען און מיט זיי נייע באנדעס פון צעווילדעוועטע כוליגאנעס, און שעפטעל איז צוזא־מען מיט אנדערע זשיטאמירער דער׳הרג׳עט געווארען.

זאל זיין אנדענקען אייביג געדענקט ווערען!




מיר שטעהען ביי אייערע קברים, און שווייגען
די הערצער נאָר וויינען און קלאָגען.
מיר וועלען דעם אָנדענק פון אונזערע ברידער
טיעף אין די הערצער אַלץ טראָגען...

אָ, יזכור, געדענקט זאָלען זיין די נשמות
פון אַלע געפאַלענע אידען;
דאָס אומשולדיג בלוט וועט די ערד ניט פאַרזאַפּען,
נאָר אייביג — אַלץ קאָכען און זידען...

איהר, קדושים וטהורים — ווי העלדען געפאַלען,
געהייליגט זאָל זיין אייער נאָמען!
געדענקט זיים — ביז שופר משיח וועט שאַלען! — —
מיר וויינען און שעפטשען שטיל: אָמן!

